


# אין יאהר 50.000

פון

יוסף ליעבערמאן

No. 9 "LIBRITOS PARA TODOS" Azcuénaga 417. פרייז 15 סענט

# PROGRAMA GOLDWYN

ES EL MEJOR DEL MUNDO

El suceso más grandioso del año



# INTOLERANCIA



David F. Griffit

PELICULA QUE COSTO

5.000.000 DE DOLARES

PROXIMAMENTE

EL GRANDIOSO DRAMA HISTORICO

LA CAIDA DE LOS ROMANOFF

SENSACIONAL PRIMICIA

EXCLUSIVIDAD

# SAENZ & MAI

Avda. Pte. ROCA 531, Bs. As. — U. T. 4042, Avenida

Instituto
Científico
Judío en la
Argentina.
Biblioteca
Central.
Archivo y Museo
en Buenos Aires

יידישער
וויסנשאַפֿטלעכער
אינסטיטוט אין
אַרגענטינע.
צענטראַלע
ביבליאָטעק
אַרכיוו און מוזיי
אין בוענאָס-איירעס

עזבון פון יוסף העקמאן
איבערגעגעבן פון
פרוי העקמאן

בוענאָס-איירעס

Nº ....................

# "BIJLAJ FAR YEDEN"

DIRECCION Y ADMINISTRACION
AZCUENAGA 417

"LIBRITOS PARA TODOS" Aparecen cada 5, 15 y 25 del mes.

Cada obrita es de palpitante interés, compuesto por los mejores autores Argentinos é Israelitas

Director; JACOBO S. LIACHOVITZKY
Administrador: J. PODGAEZKY

**PUBLICADAS:**

1. "Guestorben als heiliguer" - (Murió como santo!) - de J. S. Liachovitzky (Agot.)
2. "Der brodiaga" - (El vagabundo), - de M. Alperson ,,
3. "Arois fun danen, fremder!" (¡Va fuora o stranier!) - de L. Liachovitzky ,,
4. "A gaistiguer moment" - (Un memento espiritual) - de Manuel Galvez
5. "In vagón" - (En el vagón) - de Isaac Altschuler.
6. "Zvanzig sainen sei gueven" - (Ellos eran veinte) - de J. S. Liachovitzky
7. "Der roiter badjen" - (El juglar rojo) - de H. Schneider.
8. "Tajrijim" - (Mortajas) - de Alejandro Pavlovsky
9. "In yohr 50.000" - (En el año 50.000) - de José Liebermann

En el próximo número se publicará:

## CABALLOS Y HEMBRAS....

La vida bonaerense de día y de noche.
Especialmente escrito para los "LIBRITOS PARA TODOS"
por JACOBO S. LIACHOVITZKY

## לשנה טובה תכתבו ותחתמו!

אלע אונזערע סימפאטיזירער, מיטארבייטער, לעזער און פריינד ·

ווינשען מיר א גליקליך און צופריעדען יאהר.

## פערלאג „ביכלאך פאר יעדען"

תשרי, תרפ"ג לפ"ק.

# ביכלאך פאר יעדען

ערשיינט דריי מאהל אין מאנאט

רעדיגירט פון יעקב ש. ליאכאָוויצקי

אינטערעסאנטע ראמאנען, סקיצען, ערצעהלונגען, סאציאלע און היסטארישע אבהאנדלונגען פון בעקאנטע אידישע און ארגענטינישע שרייבער.

---

מאנוסקריפטען ווערען ניט צוריק געשיקט. בלויז איבער דרוקבארע פערפאסונגען, וועט מען ענטפערן שריפטליך.

## אַבאָנענטען פרייז:

דריי מאנאטליך 1.30 $ - זעקס מאנאט 2.50 $ - יעהרליך — 5. $

ספעציעלע אויסגאבע אויף רעגאל פאפיער, דאפעלטע פרייזען.

---

עס ווערען אָנגענומען פאר'ן „סאציאלען אלבום" די בילדער פון חתן-כלה, אדער פון אלגעמיינע שמחות, גראטולאציאנען. ווינשעוואניעס פון יעטווידען אינהאלטי ווערען געדרוקט. פאטאגראפיעס פון קינדער פאר דעם „קינדער גאלעריע" ווערען אָנגענומען.

---

איינצעלנע עקזעמפליארען 15 סענט.

---

## שוין ערשיענען:

1. נעשטארבען אלס הייליגער!—פון יעקב ש. ליאכאָוויצקי (אויספערקויפט)
2. דער בראָדיאַגאַ.—פון מרדכי אלפערסאָן ,,
3. ארויס פון דאנען, פרעמדער!—פון לאַזאַראָ ליאַכאָוויצקי ,,
4. א נייסטינער מאָמענט!—פון פר. מאנועל גאַלוועז
5. אין וואגאָן.—פון יצחק אלטשולער
6. צוואנציג זיינען זיי געווען...—פון יעקב ש. ליאכאָוויצקי
7. דער רויטער בדחן.—פון צבי שניידער.
8. תכריכים.—פון אלכסנדר פאוולאוופקי.

---

אין דעם נעקסטען ביכעל וועט ערשיינען:

# פערד און ווייבער...

דאס בוענאס-איירעס'ער לעבען ביי טאג און ביי נאכט

ספעציעל פאר די „ביכלאך פאר יעדען" פ'ון יעקב ש. ליאכאָוויצקי.

---

אין ניכען וועט פונ'ם פערלאג „ביכלאך פאר יעדען" ארויס-געגעבען ווערען אין שפאניש: ארויס פון דאנען, פרעמדער! *Va fuora o stranier!*—פון לאזאראָ ליאכאָוויצקי.

בעשטעלונגען ווערען שוין אנגענומען. איינציגע עקזעמפליארען 20 סענט. ביים אפנאהמע פון אריבער 20 עקז. בעקומט מען א בעדייטענדען ראבאט.

יעדע בעשטעלונג דארף אין פאָראויס בעצאָהלט ווערען אין דער אדמיניסטראציע: *Azcuénaga 417*, בוענאס-איירעס.

## פערטרעטער און אגענטען פון "ביכלאך פאר יעדען"
(בעפאָלמעכטיגט צום קאָברירען)

אובאכאי (ע. ר.)—נהום קאזאנעץ
באסאווילבאַסאָ—י. ראָפּף
בערנאסקאָני,—מיכל הכהן סיני
דאָראַ—מ. מענדעל זוסמאַן
דאָמינגעז (ע. ר.)—א. גאבים
וויזשא-אַלבא,—יוסף קאניעווסקי
וויזשא-אירים—מ. ראזענבערג
גענעראל פינעדא (טשאקא) ב. קאָסס
לאַ קאפּיזשאַ (ע.ר.) ש. שטיירענבערג
ליבאַראָס (ע. ר.)—ב. סיראָטאַ
מאָזעסוויל, בוכהאנדלונג י. לאנגער
מאָניגאטעס—א. זייד
מעדאנאָס—י. שרייבשטיין
מענדאָזא—א. קאטקאווניק
טשאקאבוקא 111
סאן אנטאניאָ (קאַזעס)—ב. בעקער
ס. סאלוואדאָר—ל. פינקעלשטיין

ס. דעל עסטערא, אסקאר פאלויקא
טוקומאן. 144
עסט. מ. הירש,— מ. אלפערסאָן
עסט. ק־עספּאָ (ע. ר.) א. פרודקין
פּאלאסיאָס, ,ב. ה. פּראָגרעסיסטאַ'
פּעדערמאַר—הלל פרומקין
קאָנקאָרדיא (ע. ר.) י. ס. ראָדבערג
קארדאבא, משה קראוועץ
דעאן פונעס 85
ק. סוארעז.—מ. קאטץ
קאסאַרעס—ב. וואסער
קאָריענטעס—א. פינסקער
קאטאמארקא 812
קלארא (ע. ר.) מ. פאלעי
ריווערא— דוב הירשהאָרין
ראזאריא, אהרן שלמן,
בוכהאנדלונג: 3 דע פעברערא 966
ארומרייזענדער אגענט: יוסף פיין.

---

# איבעראשונגען פון דער וויסענשאפט

„איך האב איינינע יאהר געליטען אויף א מאָגען-פערלעצונג, וואס האט מיך פעראורזאכט גרויסע שמערצען, מיך נערוועזיש געמאכט און כ׳האב כסדר שטארקען קאָפּ-וועהטאג געהאט כ׳האב אויך געליטען פון עצירות און פון א גיערען שלאַפקייט. איך האב נאכגעפאלגט פערשידענע היילונגס-מעטהאָדען, אבער אהן-שום ווירקונג; כ׳האב זאגאר א רייזע געמאכט נאך אייראפא און דארט אויך קיין בעסערונג ניט געפונען. מיעד ווערענדיג ווייטער אזוי צו פּלאַגען-זיך, האב איך בעשלאסען זיך אונטערצו-ווארפען צו דער קוראציע פונ׳ם:

## „ראדיאסאָל וועכעטאל״

בעמערקענדיג אין איינינע טעג אנ׳אויסערגעוועהנליכע בעסערונג און היינט בין איך פאָלקאמען אויסגעהיילט, קען אלצדינג עסען און מיין מאגען און די קישקעס האבען צוריק ערוואָרבען זייער נאטירליכע ווירקונג, די נערווען האבען זיך בערוהיגט און איך געניס פון פּאָזיטיווען וואוילזיין״.

(גע׳חתמ׳עט) גאַיטאַנאָ סקיורבאַ בעלגראנאָ 2164, בוענאס-איירעס

„יאהרען לאנג האב איך געליטען אויף שטיינדלאך אינ׳ם לעבער, פונקט ווי אויף א מאָגען-פערלעצונג (היפערקלאָרהידריאַ) און פון בלעזלאך אין די גיערען, וואס האט מיך געבראכט צו אנ׳אַנעמישען מצב און צו אנ׳אויסערגעוועהנליכע אויסצערונג, און קיין איינציגער היל-מיטעל איז ניט אימשטאנד געווען מיך אויסצו-קורירען. כ׳האב פרובירט דעם:

## „ראדיאָסאָל וועכעטאַל״

און מיט ערשטוינונג באמערקט אין עטליכע טעג ארום, א שטארקע ערהאָלונג און ביים אויסנעהמען דאס זיעבעטע פלעשעל, זיינען אלע מיינע שמערצען פערשוואונדען, כ׳האב מיין קיין וועטהאָג אינ׳ם לעבער ניט געהאט אויך ניט אין די גיערען; מיין מאָגען האט אנגעהויבען אויסגעצייכענט צו פונקציאָנירען; איצט בעזיץ איך א גרויסען אפעטיט, פיהל אנ׳אלגעמיינע בלוט-ריינינונג, כ׳האב איינינע קילאָס מעהר געוויכט אין בין פאלקאָמען געזונד.

(אונטערגעשריבען) חאַסינטאַ איהיגאָ דע אָליווערא ריאָבא 19, בוענאס איירעס.

א וויכטיגע בעקאנטמאכונג: דערוויסענדיג זיך דאס נעוויסענלאזע נפשות האבען דעם דאזיגען מיטעל געפעלשט, ווערט דאס פובליקום רעקאָמענדירט דאס זיי זאלען קויפען דעם „ראדיאסאָל וועכעטאל״ נאר אין גוטע דראָגעריאַס אדער אָפּטעקען אדער אין דער הויפּט דעפּאָ, אויף ענטרע-ריאס 171. מיר מאכען אויפמערקזאם דעם פובליקום אז די הייז האט ניט קיין קאררעדאָרען צום פערקויפען דעם „ראַדיאָסאָל וועכעטאל״.

פרייער פערקויף. סערטיפיקאט נומ. 3377. צום טרעפען אין אלע אפטעקען און דראָגעריאס. די פרייז פון יעדער פלעשעל 10 פעזאָס. וועגען בעשטעלונגען און פראָספעקטען, זיך צו ווענדען צו:

**DR. PABLO COGORNO**

EENTR RIOS 171 U. T. 7327, Libertad BUENOS AIRES

# יוסף ליעבערמאַן.

אנ'ארגענטינער. פלייש פון אונזער פלייש, בלוט פון אונזער בלוט. געבוירען אין ענטרע-ריאס אין 1897 און אין 1909, האט שוין אין דער אפגעשטארבענער „פאלקסשטימע" זיינער אן ארטיקעל פלאטץ געפונען.

מיט די העכסטע אבצייכנונגען האט ער געענדיגט די נאָרמאַל שולע „אַלבערדי", ביי פאראנא, נאכדעם פערנומען דעם לעהרער און דירעקטאר אַמט פון שולעס, אין די פראווינצען בוענאס-איירעס און ענטרע-ריאָס. האט זיך געווידמעט צום מאַגיסטעריום און איז אן אויסגעצייכענטער פעדאַגאָג, אונטערריכטענדיג די קינדער פון פעדערמאַר.

פון 1914-טען יאהר אָן, האט ער פערעפענטליכט פאָעזיען, סקיצען און ארטיקלען איבער צייט-פראגען אין פיעלע שפאנישע צייטונגען פון פאַראנא, וויזשאַגוואי, באַהיאַ בלאַנקאַ און אויך אין דער בוענאס-איירעס ערשיענענער: „Juventud". איצט איז ער א שטענדיגער מיטארבייטער פון: „La Provincia" אין קאָנקאָרדיאַ און צייטווייליג ערשיינט אויך עפעס פון זיין שאפען אין דער אידישער פרעסע.

איז דערצו א היבשער און קרעפטיגער אָראטער, ענטוויקלענדיג פארטרעפליכע קאָנפערענצען, איבער היסטאָרישע אדער נאטור-וויסענשאפטליכע טהעמאַס.

ער האט אויך געלעהרענט אידיש און העברעאיש און מערקווירדיגערווייזע אויך פארשרימ געמאכט אין דיזער הינזיכט, ניט קוקענדיג וואס די יק"א'אישע שולעס זיינען אזוי-פיעל געמאַדעלט געוואו'ען. אז זיי האבען ארויסגעגעבען איין ליעבערמאנ'ען, איז שוין אויך דיינו.

שטארק בעלעזען און בעהאַוועגט אין דער סקאַנדינאווישער ליטעראטור, איז ער א קינסטלער נאכצואַהמען די נאָרוועגישע דענקער. בעזיצט א פליסענדע שפראַך, צוגליעדערט פארטרעפליך און צופלעכט אלע נשמה קנייטשען און ער עראינערט אָן ראַבינדראַנאַטה טאַגאָרע דורך זיין „פאָעמע פון בענקשאפט";—א ווירקליך ליטעראַרישער פערל.

אלע אונזערע פאָעטען און שרייבער וואס מיר פערמאָגען דאָ און וועמעס ערשטע ענטוויקלונג איז געשעהן אונטער דער אויפזיכט פונ'ם אונטערשרייבער פון דיזע שורות, וועלכע האלטען זיך יעצט פאר גאנצע אויטאריטעטען און אומשטערבליכע, גרייכען וויט ניט צו ליעבערמאנ'ס הויך און בעזיצען ניט א ניצוץ פון אנ'עהנליכען טאלאנט. מיר מעגען שטאלצירען צו האבען אין ארגענטינא פראָדוצירט אזא מייסטער פון געדאנקען, וועלכער האט ביים אָנפאנג זיך שוין געשטעלט אין דער רייהע פון אמת'ע, פון גאט-בעגאבטע קינסטלער און ס'פרעהט אונז אונזערע לעזער צו קענען געבען אין דיזען ביכעל, אזא שאפונג וואס וועט אונזער היגע אידישע ליטעראטור אוועקשטעלען אויף איין מאסשטאַב מיט דער, וואס ווערט געשאפען אין אלט, פון אידען אייגעזעסענע, אויסלענדישע לענדער.

ל. שי.

סאן מארטין, סעפטעמבער 1919.

# אין יאָהר 50.000

## א פאַנטאַזיע איבער דער אלוועלטליכער טראַנספאָרמאַציאָן

זיך אויפכאפענדיג אין יענעם קאַלטען ווינטער-פריהמאָרגען, האט אהרן דערפיהלט ווי פון דער טיעפקייט פון זיין נשמה שווימט ארויס א גרויסע מעלאַנכאָליע, און ס'איז איהם געווארען קאלט. פינסטער איז געווען דער הימעל, בעדעקט מיט דיזע גרויע וואָלקענס, וואס ווייזען אויס שטיקער האָלאָדיעץ; אלעס ארום איהם איז געווען פערגליווערט און קאלט; א בעזער ווינט האט געראַשט אין דרויסען, אזוי-ווי די נאטור זאל זינגען א ליעד פון פערצווייפלונג פאר דעם לעבען אָהן נוץ, פון דעם לעבען אדער שמאכטען, ווען דער היינט איז ווי דער נעכטען און דיזער ווי דער מאָרגען; דאס גאנצע גרויע בילד וואס האט איהם ארומגערינגעלט האט ער דערפיהלט אין זיך, און פיליכט האט דאס דרויסענדיגע ניט מעהר ווי מאטעריאליזירט דאס אינעווייניגסטע?... ווייסען מיר דען אויב אין אמת'ן עקזיסטירט דאס, וואס מיר זעהען? די גרעסטע קונסט-בילדער זיינען ניט מעהר, ווי די אָפשפיגלונג פון דעם קינסטלער'ס נשמה' אויף דער נאטור. דעריבער האבען די קינסטלער שעהנע נשמות.

ער איז געבליעבען ליעגען אין בעט און האט זיך פערקלערט. „וואס בין איך? וואס פאר א ציעל האט מיין לעבען? וואס פאר א נוצען האב איך געבראכט דער געזעלשאפט צווישען וועלכער איך לעב? ווער וועט מיר געדענקען ווען איך וועל שטארבען? אבער... וואס פאר א פעראנטוואָרטליכקייט האט דאס לעבען? פאר וועמען קען איך זיין פעראַנטווארטליך, ווען איך בין אליין? געגען זיך זעלבסט? און וואס בין איך? ווער איז דער גרויסער שופט, וואס קען זיך פעראורטהיילען פאר מיין נוצלאָזיגקייט?"

„די טעגליכע לעבענס-פאסירונגען ווייזען אונז קלאָהר, אז אלעס פיהרט זיך אהן ארדנונג און ציעל. נאר, ווי וועניג קלעהרען וועגען דעם! די מענשען, זיי לויפען, זיי האבען קיין צייט ניט צו בעקלעהרען זיך. רייכקייט, גליק! דאס איז דער ווילדער געשריי וואס הילכט אוםעטום. איך גלויב שוין באלד אין דער טהעאָריע פון יענעם

טרויעריגען פּאָעט, לויט וועלכען, די וועלט איז ניט מעהר ווי די רעאַליזירטע חלומות פון א שיכור'ען גאט, וואס בעשאפט געוויסענלאָז, אלעס וואס ער טרוימט...״

„זיינען מיר, הייסט עס, ניט מעהר ווי שאָטענס פון א שאָטען? טרויעריגער מענשליכער שיקזאל! אויב אזוי... איז נאך וואס? וואס זיינען מיר, וואס ווייסען מיר פון די סודות וואס רינגלען אונז ארום פון אלע זייטען? די וויסענשאפט, די שטאָלצע וויסענשאפט, וואס ענטפלעקט אלע פערבאָרגענעשען און ברענגט ליכט אין די פינסטערע נאטור-פּראָבלעמען... וואס זאגט זי וועגען דעם תכלית און דעם כוף פון לעבען? וואס ווייסט זי פון דער נשמה פון די אינאָרגאַנישע, פון די טוידטע קערפּער'ס?״

„ווען איך געה ארויס שפּאציערען אין דעם שטילען זומער-אווענד, אדער אין דער געהיים-שוואַרצער נאכט; ווען דער גערויש פון די וועלדער און דער געזאנג פון די פויגלען פילען אָן מיט אומערקלערליכע געפיהלען מיין נשמה; ווען בעטראכטענדיג די שטאלצע, אייביג-ווייסע שפּיצען פון די אייביג-שטומע בערג וואס ריידען מיט די הימלען, אדער דער קליינינקער גרעזעל וואב שפּראָצט ארויס פון דער ערד;— ווען מיר פיהלען דאן עפּעס, וואס מיר קענען ניט פערשטעהן, דארטען וואו דאס מאַטעריעלע און דאס גייסטיגע קומען זיך צונויף;— וואס זאגט אונז די וויסענשאפט וועגען דעם? וואס ערקלעהרט אונז די פילאָזאָפיע? יעדער דענקער זאגט, חזר'ט נאר איבער דאס, וואס אנדערע האבען שוין געזאגט און ס'וואלט גע׳ווען די גרעסטע נארישקייט צו גלויבען, אז עס זיינען דא זאכען וואס זיינען נאך ניט געקלעהרט געוואָרען... וואס פאר א נייעס האבען אונז געלעהרענט די לעצטע פילאָזאָפען? ווער פון זיי האט געגעבען איין שפּאַן ווייטער, אין דעם אומבעקאנטען, אין דעם גרענצלאָזען אָפּגרונד פון אונזער נשמה?״

„די מענשען ווערען געבארען, לעבען, מעהרען זיך און שטארבען: וואו איז די לאָגיק פון לעבען, וואו איז די געטליכע גערעכטיגקייט, אדער די נאטירליכע גוטסקייט, פון וועלכער די פילאָזאפען ריידען? די מענשהייט שטאלצירט מיט איהר ציוויליזאָציאן... איך גלויב, אז דער ציעל פון דער ציוויליזאציאן איז דאס גליק פון די מענשען; זיינען זיי גליקלאך? זיינען מיר יעצט גליקליכער פון אונזערע ווילדע אור-עלטערען, וואס האבען נאקעט ארום געבלאָנדזעט אין די געדיכטע וועלדער? ניין, טויזענד מאהל ניין! הייסט דאס ציוויליזאציאָן, קען מען דאס אנרופען גליק, ווען עס זיינען פאראן טויזענדע בעשעפעניששען וואס ליידען הונגער און קעלט, וואס שלעפען זיך ארום נאקעט און באָרוועס אין די בעזע ווינטער-נעכט, ווען די הינט פגר'ן פון קעלט אין די גאסען? הייסט דאס גערעכטיגקייט, דאס וועהרענד מיליאָנען ציטערען פון הונגער זאלען אנדערע טאנצען אין ליכטיגע און פרעהליכע

סאַלאָנען? איך בעשולדיג ניט דיזע, איך בעשולדיג די היפּאָקריטישע וועלט, מיט איהר פרומען פּנים, מיט איהר־ ציוויליזאציאן און פאָרשריט׳...

„פארוואס זיפצען אייביג אין די פינסטערע טורמעס מענער, פרויען און קינדער? ווער איז שולדיג אויב אויף דער וועלט איז פאראנען פערברעכען אין בלוט, פינסטערניש און וועה? איז שולדיג דער פאטער, וואס זעהענדיג דעם הונגער פון זיינע קינדער, גערהט און גנב׳עט עסען? קען מען בעשולדיגען די מוטער וואס פערקויפט איהר קערפּער, אום צו ערנעהרען דאס פלייש פון איהר פלייש? פארוואס זיינען די עפענטליכע הייזער פול מיט יונגע מעדלאך, פערפוילטע פלייש פאר דער צוקונפט, וואס מיט זייער שאנדע היטען זיי-אָפּ די עהרע פון אנדערע?... איז דאס ציוויליזאציאן? קען די מענשהייט שטאלצירען מיט איהר פּראָגרעס? איז דען אונמעגליך צו שאפען אזא אָרגאניזאַציאָן, אז אלע דיזע וועהען זאלען פערשוואונדען ווערען, די שרעקליכע שאנד-פלעקען זאלען אראפּגענומען ווערען אויף אימער?... אויב ניט, אויב די וועלט מוז שטענדיג אזוי זיין, איז טויזענד מאהל בעסער זי זאל גארניט עקזיסטירען!...

און אין דער טיעפקייט פון זיין נשמה, האט אהרן יענעם פריה-מאָרגען געבעטען אויף דעם סוף פון אונזער וועלט, פון דעם קליינינקען פינטעל אין דעם אונענדליכען אוניווערז. און די צייט, דער שטרענגער ריכטער, האט ערפילט דעם געבעט פון יענעם משוגע׳נעם, וואס האט געוואגט צו קלע־רען פערנינפטיג אין יענער צייט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס זיינען שוין אריבער מעהר ווי פערציג טויזענד יאהר, זינט אהרן האט זיך אריין געיאָגט א קויל אין קאפּ,—ווייל ער האט צופיעל פערשטאנען דאס לעבען...

ניט אין קיין גרויען ווינטער-טאג, נאר אין א צאַרטען פריהלינג-אווענד, ווען די בלומען האבען געדופטעט און די פיעל-קאָליריגע פויגעלאך האבען געזונגען זייער ליעבע. די אַטאָמען פון זיין קערפּער זיינען שוין אונצעהליגע מאהל איבערגעביטען געווארען, עקזיסטירענדיג אלס טהיילען פון פערשידענע בעשעפענישען; זייענדיג אין די ליפּען פון א פרוי און אין בלעטלעך פון א בוים, אין די שטאַמען פון בוימער און אין דעם פלייש פון חיות,—ווען א גרויסער געלעהרענטער, וועלכער האט זיך אפּגעגעבען זיין גאנצען לעבען שטודירענדיג די געהיימניסע פון אוניווערז, בעטראכטענדיג די פּלאַנעטען און וואנדערענדע קערפּער פון אונענדליכען קאָסמאָס, אויף דעם שפּיץ פון א גרויען בארג, האט ארויסגעלאזען די סעזאציאָנעלע נייעס, אז די זון ווערט ביסלעכוויס פערלאָשען, איבער דער צושפּרייטונג פון איהר היטץ אין וועלטאל, לויט עס האט עס שוין פּראָפּעצייהעט אנ׳איגנאָראנט פון

צוואנציגסטען יאהר-הונדערט, און אז אין איניגע צעהנדליג יאהר ארום וועט דאס לעבען פון אונזער ערד מוזען פערשווינדען...

און די צייט איז ווייטער געגאנגען, די יאהרען זיינען געפאלען, אזוי ווי טרעהרען פון א ריעזיגען גאט;—נאר די זון איז אלע מאהל געווארען רויטער, און איבעראל האט זיך א שווערקייט געפיהלט אין דעד לופט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און א בעריהמטער וויסענשאפטס-מאן האט ארויסגעלאזען אזא פראקלאמאציע אויף דער וועלט:

„מענשען, ברידער! אונזער ענדע איז ניט ווייט! די אונבעהויזסט-זיניגע נאטור, אדער די גאטהייט, לויט די אמאהליגע מענשען, אין איהרע אייביגע איבערבייטונגען, האט ניט קיין שום אייביג-עקזיסטירענדע פארמע. ניט נאר מיר, קליינע מענשען, זיינען אונטערוואָרפען דיזען גרויזאמען געזעץ, צו זיין נאר די שטאַפּלען פאר די קומענדיגע דורות נאר אויך די גרויסע וועלט-קערפּערס. מיר מוזען זיך יעצט שטארקען אוןווארטען מיט מוטה אויף דער ענדע פון דעם לעבען אויף אונזער פלאנעט".

„בעטראכט זיך, ברידער, אז יעדע שטונדע וואס געהט אוועק, אז יעדע מינוט וואס פאלט אריין אין דעם אפגרונד פון דער פערגאנגענהייט,— וועט שוין קיינמאהל ניט קומען צוריק. יעדער איינער זאל זעהן ניט צו לאזען לויפען נוצלאָז זיין צייט. אין א שטונדע קען מען פיעל טאהן! מיר טארען ניט שלאָפען צעהן שעה אין מעת-לעת, ווי די אמאהליגע. אונזער ארבייט וועט פילייכט זיין אומזיסט. אבער מיר דארפען דערפון ניט קלעהרען. די ארבייט פון דער גאנצער מענשהייט וואס איז געווען פאר אונז, וועט אויך געהן צו גרונד. אבער דאס מאכט גארניט! מיר, די מענשען, די קעניגע פון דער וועלט, מוזען שטארבען קעמפפענדיג. מוטה און ענערגיע! עס איז מעגליך, מיר זאלען פיעל ליידען פאר אונזער טויט. די זון פערלעשט זיך; אויך דער מיטעל-פונקט פון אונזער ערד, וואס האט אונז ביז אהער געשיקט ווארימקייט, געהט אויס. מיר וועלען פילייכט שטארבען פון קעלט, מיר'ן פערפראָרען ווערען. אבער, מיר מוזען ווארטען אויף אלעס. ווייל, פערשטעהט עס גוט: די וועלטען שטארבען, נאר זיי ווערען ווידער געבארען. מוטה און ענערגיע!!"

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די מענשהייט איז געווען צודולט פון שרעק. איין טאג איז די זון ערשינען רויט, ווי בלוט. און אזוי איז זי געווען דעם גאנצען טאג, בעלייכטענדיג די ערד מיט א טויטליך-מאַטען שיין. געדיכטע שאָטענס זיינען אומעטום געבארען געווארען, אזוי ווי ריעזיג-שווארצע פויגלען זאלען פערדעקען די ערד מיט זייערע פליגלען. די לבנה האט

שוין קיינמאהל געגלאנצט. אין די ווארימסטע געגענדען פון ערד-קוגעל, וואוהין די גאנצע מענשהייט איז אנטלאָפען,—זיינען אלע וואסערען פערגליווערט געווארען און די מענשען האבען געציטערט. די אויגען, מיט ווילדע בליקען, זיינען געווען געריכטעט אימער צו דער זון, וועלכע איז טאג-טעגליך געווארען פינסטערער. די ים'ען, די טייכען, זיינען פערפראָרען געווארען. די פלאַנצען זיינען אלע געווארען ווייס און פערטריקענט. איין טאג איז, די זון ערשינען אזוי ווי א קליינינקער, ווייט-ווייטער רויטער שטערן. און די אנגסט ביי די מענשען איז געווארען אומבעשרייבליך. א דיקע פינסטערניס האט איינגעהילט די ערד, וועלכע איז פערהילכט געווארען פון יאָמערען און געשרייען. דערנאך האט אלעס אויפגעהערט, אלעס איז שטיל געווארען. די וועלדער זיינען געשטאנען שטום און פערשטיינערט... לאנגזאם זיינען די מענשען אויסגענאנגען, און פון אלעס איז געבליבען א גרויסער קבר...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אזוי האט זיך ערפילט, אין דעם 50-טען יאהר-הונדערט, דער וואונש פון דעם ארימען אהרן, וועלכער האט אנגעשריבען פאר זיין טויט: „נאר די נאטור איז גערעכטיג...

״ ״

מיט מיליאנען יאהרען שפעטער, האט א פּראָפעסאר פון א שולע אויף דעם פּלאנעט זון, אנגעהויבען אזוי:

—„דיזע בלייכע ערד, וואס מיר זעהען ביינאכט, איז א מאהל, צוריק מיט פיעל יאהרען, געווען בעוואוינט: דאס לעבען האט אויף איהר גערוישט; יעצט איז זי פּוסט און בעגלייט שטענדיג אונזער זון אין איהר גאנג. אויך מיר וועלען א מאהל...״

פעדערמאַר. 1919.



# ליובאַ...

## שטימונגען איבער די געפיהלען פון ליעבע.

—א וואָלקען איז די ליעבע, א טרוים, א געטליכקייט, און האט ניט קיין שום שייכות מיט'ן קערפער!—האט אויסגערופען יעקב בערלין,—ווען מען אלע האבען געקענט אלס פּאָעט.—איך קען בעווייזען מיינע ווערטער מיט פאקטען פונ'ם לעבען!

—רייד ניט קיין נארישקייטען!—האט איהם אונטערבראכען שמעון בערנשטיין, וועלכער האט שטענדיג גערעדט פון ניעטשע און עמערסאָן;—די איינציגע ליעבע וואס איז פאראן איז די קערפערליכע און אהן איהר, בלייבט נאר א קראנק-עראָטיש געפיהל! איך קען עס אויך בעווייזען מיט פאקטען!

—איך גלויב אז ליעבע איז נאר אינטערעס, וועלכע ווערט מיט דער צייט אָפטמאהל פערוואנדעלט אין א טיעפע פריינדשאפט...—האט געזאגט אברהם בערמאן, וועלכער איז געווען א גרויסער פערעהרער פון מעטערלינק.

—איהר ווייסט אלע ניט וואס איהר זאגט!—האט אויסגערופען חיים גרינוואלד,—ווי אזוי ווילט איהר צוטהיילען אַן איינהייט, די גייסטיגע און מאטעריעלע ליעבע?... איך וועל אייך עפּעס דערצעהלען, וועט איהר זעהען, אז האטש מען האט שוין אזוי פיעל דיסקוטירט און געשריעבען וועגען ליעבע, פון די עלטעסטע ביז יעצטיגע צייטען, ווייס נאך קיינער ניט וואס זי איז... א טיעפער סוד איז זי!.

אלע האבען זיך אומגעקוקט אויף דעם, ביז יעצט שווייגענדען גרינוואלד, וועלכער איז רוהיג געזעסען און בעטראכט די בלויע זיילען רויך, וואס ער האט געבלאָזען פון מויל.

—דערצעהלט, דערצעהלט!—האבען אויסגערופען פיעלע פרויען-שטימען.

חיים גרינוואלד, איז געווען א יונגער-מאן פון א יאהר פינף, זעקס און צוואנציג; הויך, מיט א מאָגער געזיכט, וואס האט מאָדנע געשיינט און האט בעוויזען זיינע אינטעלעקטועלע געפיהלען און זיין טיעפען

פערשטאנד. ער איז געווען בעקאנט צו אלע זייט א שטיקעל צייט, וואו ער האט זיך אינטערעסאנט געמאכט, דורך די ערפאהרונגען וואס ער האט בעקומען אין לעבען, דורך זיינע רייזען אין אלע ווינקלען פון דער וועלט און אין אלע קליינע און גרויסע שטעדטלאך פון לאנד; מען האט געוואוכט אז ער פערשטעהט דאס לעבען; אז יעדער זאך וואס ער דערצעהלט, איז רעאַל און שפאנענד. זיין שטענדיג פערטראכטער, ערנסטער פנים, וואס האט אָפּגעשפּיגעלט די בלייכקייט פון שלאָפלאזע נעכט, זיינע ארייגנעדרונגענע אויגען און איבערהויפט זיין כסדר'דיגער ליטערארישער שאפען, אין צייטונגען און ביכער, וועלכע האבען אימער זיך אפגעגעבען מיט הויכע געדאנקען אין פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען, האבען איהם געמאכט פאר'ן ליעבלינג פון די פרויען, וועלכע פיהלען א גרויסע נייגונג און א רעספעקט צו אלע וואס שרייבען, וואס ווייזען אויס ביי זיי אין די אויגען, ווי אָבער-מענשען; דאגעגען די מענער, זיינען געווען עטוואס קאלטלאך צו איהם; א זאך וואס עס געשעהט שטענדיג ווען איינער צייכענט זיך אויס אין וועלכער ס'איז קונסט אדער ארבייט. ער איז געווען אימער שווייגזאַם און מיט א לייכט-איראָנישען שמייכעל, האט ער זיך צוגעהערט צו די דיסקוסיאָנען וואס זיינען געפיהרט געוואָרען און ווי יעדער איינער האט געזוכט צו בעווייזען זיין געניטקייט אין דער הארץ-געאָגראַפיע און אַריטמעטיק פון ליעבע.

דאס איז געווען אין א ווינטער-נאכט אין קליינעם שטעדטעל פעדערמאר. אין דרויסען האט זיך געהערט דער רוישען פון א בּעזען ווינט, וועלכער האט געמאכט מורמלען די בלעטער פון די הויכע, צום הימעל-ציהענדע עאוקאַליפטען, וועלכע האבען מיט זייער אייביגער גרינקייט, בעציערט איינציגע גאסען פון שטעדטעל. אין שטוב האט זיך געפיהלט זעהר היימליך, ווי עס פיהלט זיך שטענדיג, ווען אין צימער איז ווארים און מען הערט דעם גערויש פון ווינט און רעגען. אלע אנוועזענדע זיינען געווען נוטע פריינד, איינציגע פּילייכט צוקינפטיגע פּאָרלאך, וועלכע האבען זיצענדיג רוהיג, געווים זיך איבערגערעדט מיט זייערע איינפערשטאנדיגע, דורך דער פיס-שפּראך. נאכ'ן עסען האט מען ווי געוועהנליך אנגעהויבען פלוידערען און דיסקוטירען. גיך איז מען אריבער פון איין טהעמא אויף דער צווייטער... צייט איז געווען. דאס לעבען אין די קליינע שטעדטלאך גיט גענוג צייט אויף נוצליכע און אומנוצליכע דיסקוסיאָנען. מען האט קריטיקירט די אידישע צייטונגען, וועלכע גיבען ווייניג ליטעראטור; א ציוניסט האט פערפיהרט א געשפרעך וועגען זיין אידעאל; מען האט גערעדט וועגען באָלשעוויזם און וועגען ליאכאָוויצקי'ס לעצטער נאָוועלע... ביז מען איז ארויף אויף דער אייביג יונגער און אייביג אלטער טהעמא: די ליעבע. די געטראנקען האבען צעוואַרעמט די

געמיטהער און מען האט פייערליך דעבאַטירט. א גרויסער פייער האט געברענט אויפ'ן קאמין און דאס טרוקען האָלץ האט פרעהליך געטרעסטשעט. די מעדעלשע אויגען האבען געגלאנצט און זייערע באַקען האבען געפלאמט... יעצט זיינען פלוצלונג אלע שטיל געוואָרען.

גרינוואלד האט אויסגעטרונקען א גלאָז וויין און ווארפענדיג א שטאָלצען בליק אויף אלע אנוועזענדע, האט ער אנגעפאנגען לאנגזאם:

—„ווי אומעטיג איז צו קלעהרען, אז דאס לעבען לויפט און ענדיגט זיך אזוי שנעל! יעצט זיצען מיר אלע דא, מיר ריידען און מיר זיינען צופריעדען; מיר געניסען פון לעבען... דעם אמת'ן גענוס פון לעבען מוזען מיר קלייבען שטיקלאכווייס, אויסזויגען פון יעדער בלום איהר זיסען נעקטאַר, טרוימען אונטער'ן גערויש פון יעדער בוימעל... און קלעהרען, אז דאס אלעס וועט פאר אונז גיך צוגענומען ווערען אויף אייביג, אויף אייביג!... ווען איך וואלט געווען א פאָעט, וואלט איך אנגעשריבען א וואונדערליכע פאָעמא, וועלכע איך וואלט גערופען: „פון וויעג און קבר", מאָלענדיג ווי אזוי א פיהלענד הארץ, א ליעבלינג פון לעבען און זיינע גענוסען, ניט קיין פינסטערער פעסימיסט, זעהט ווי דאס לעבען לויפט, לויפט, אונאויפהערליך, ווי דער פערפום פון א צושפּאָלטענער פלאש, וועלכען מען קען ניט איינהאלטען; ווי אזוי ער וויל געניסען פון אלעס, עררייכען בעריהמטקייט און גליק, און ער ארבייט, ניט פיהלענדיג ווי ער ווערט אלט און ווען ער עררייכט אלעס, זעהט ער, אז ער איז שוין ביים ברעג פון אָפגרונד... אך, מיינע דאַמען און הערען! עס גיבען אין לעבען אזוי פיעל גענוסען, מאראלישע און פיזישע, וועלכע בעקרוינען אונזער לעבען! עס איז ריכטיג, אז ווען מיר זאלען וויסען די ביאָגראַפיע פון יעדער מענשען, וואלטען מיר זיך בעקאנט מיט א סך, מיט פיעלע שרעקליכע, אינטימע טראַגעדיעס; מיר וואלטען געקענט דורכפיהלען דעם אונהיילבארען שמערץ פון יונגע, פריש-פערוויאַנעטע לעבענס; פון בלומען, וואס עדהער זיי ווערען צובליהט אין זייער גאנצער פראכט, ווערען זיי שוין צוטראָטען פון גראָבע שווייגען, פון אונפיהלענדע הערצער.—אבער, טאקע אין דיזע טראגעדיעס, ליגט בעהאלטען דאס גליק! שטעלט אייך פאָר, ווי עס וואלט אויסגעזעהן א וועלט מיט לויטער גליקליכע מענשען! און איך גלויב..."

—און איך גלויב ניט!... אבער וואו איז אייער ערצעהלונג?...—האט פלוצלונג אונטערגעבראכען ראָזע שטיינמאן,—מיר קענען שוין די דאָזיגע פילאָזאָפיע!

—איהר זיינט גערעכט, ראָזע!—האט גרינוואלד אויסגערופען מיט א שמייכעל צו ראָזא'ן, ווערענד אלע האבען זיך פערוואונדערט וואס ראָזע האט איהם געוואגט צו איבערשלאגען און האבען א קלעהר געטהון אז דא מוז עפעס זיין צווישען זיי...

ער האט לאנגזאם פאַרגעזעצט, ווערענד די מענער האבען אל׳ נערויכערט און די פרויען האבען זיך איינגעהערט, האלטענדיג האלב-פערמאכט די אויגען:

—„מיין פריינד קנוט האַמסון, דער גרויסער דיכטער, וועלכען איך האב געהאט די עהרע און דאס פערגעניגען צו קענען אין א רייזע צו די שטיינערע ברעגען פון דער גרויער נאָרוועניען, וואו ער האט אין איינזאמקייט געוואוינט, שאפענדיג זיינע וואונדערליכע ווערק, בעגייסטערענדיג זיך מיט דעם געהיימען גערויש פון די נארד-ים׳ען און די הויכע פעלזען-ברעגען, מיט דעם בלייכען שיין פון דער נאָרד-ליכט,—האט שוין לאנג בעוויזען אין זיינע ווערק די אונפערשטענדליכקייט, די קיינמאהל ניט צופריעדענהייט, פון דעם געפיהל וואס מיר רופען ליעבע; אין אלע זיינע ווערק, וועלכע איך גלויב זיינען אייך בעקאנט, ענטפלעקט ער פאר אונז די טיעפסטע, פערבארגענסטע סודות פון אונזער נשמה; ער דרינגט אריין און אנאליזירט יענע אומבעקאנטע הושים, וואס קיינער האט ניט געוואָגט צו ריידען פון זיי; ער ווייזט אונז די געהיימסטע קנייטשען פון דעם גרויסען, אונענדליכען ים וואס מיר רופען הארץ, וואס איז כמעט פאר יעדער איינציגען איינגעהילט אין אונפערשטענדליכע בייטונגען; ער מאכט ציטערען יענע צאַרטע, עדעלע און טיעף-פיהלענדע סטרונעס, וואס קיין מענשליכע האנד האט נאך ניט בעריהרט; און לעהרנענדיג זיינע ווערק, ווי אויך די, פון זיינע גרויסע לאנדסלייט: איבסען און ביערנסאָן, האב איך ערווארבען א גרויסע ליעבע צו די אלע פסיכאָלינישע פראָבלעמען, אדער פיליכט בעסער געזאגט: „פאַטאַלאָגישע. אין מיינע רייזען אין נאהענטע און ווייטע לענדער און רעגיאָנען, געטריבען פון דעם אונווידערשטעהליכען געפיהל צו לעהרנען און קענען, האב איך זיך צוגעקוקט און אנאליזירט אלערליי טעמפעראַמענטען, ווייל איך גלויב ניט, אז צוויי נאטורען זאלען ליעבען אויף דעם זעלבען אופן. דעריבער גלויב איך ניט אין קיין שום טהעאָריעס וועגען ליעבע און געפיהל; עס איז אונמעגליך איינצושליסען אין דעם ענגען צירקעל פון א טרוקענער, פילאָזאפישער שטה אזוי פיעל פערשידענארטינע נשמות... אזוי ווי עס זיינען פערשידען די זיטען פון דעם היים-בלוטיגען שפּאַניער ביז דעם פערקלעהרטען נאָרוועגיער, פון דעם דייטש ביז צום ארגענטיניער.—אזוי איז פערשיידען זייער ארט ליעבען. שווער איז פאר דער וויסענשאפט צו ערלעהרנען די ענטשטעהונג פון דער ערד, די ערשיינונג פון לעבעדינע ברואים אויף דער וועלט, ווי אזוי דער מענשליכער מין האט זיך אויסגעבילדעט; שווער איז פאר דער געאָלאגיע אריינ-צודרינגען אין דעם תהום פון די פערגאנגענע צייטען, אום צו קענען פערשטעהן דורך זיי די צוקונפט פון אונזער פלאַנעט; שווער איז פאר דער פילאזאפיע אויסצוגעפינען דעם פארוואס פון

אלץ זאכען, אום צו בעשטימען די בעסטע מאראלישע רעגעלן אין לעבען... אבער טויזענד מאהל שווערער, פערבארגענער, קאָמפּליצירטער, איז צו ערלאַהרגען גרונדליך די ליעבע. אין אלע פילאזאפישע ביכער וואס זוכען זי צו בעלייכטען, האב איך ניט געפונען קיין איין ריכטינען געדאנק, וואס מען זאל קענען גענעראַליזירען; ניכער קענען מיר די ליעבע פערשטעהן אין די גאָוועלען פון גרויסע דיכטער און נאך ניכער, ווען מיר וועלען זי אנאליזירען אינדיווידועל, אין די טעגליכע פאסירונגען פון לעבען, אין דעם שיין פון די אויגען, אין דעם דרוק פון דער האנד, און...

—איהר ווילט אונז היינט געבען א פילאָזאָפישע קאנפערענץ? זאגט, וועלען מיר אוועק-געהן... דאס איז אייער אינטערעסאנטע ערצעהלונג?—האט ווידער ראָזע אונטערבראכען—איך בין שיער ניט אנשלאפען געווארען!...

דער געדאנק, אז צווישען חיים׳ן מיט ראזע׳ן איז עפעס פאראן, איז געווארען שטארקער ביי אלע...

—איהר זיינט ווידער גערעכט!—האט חייב ערווידערט.—איך האב פערגעסען אז עס זיצען דא מיט אונז דאמען!... איך קום צו דער גאָוועלע!

„אין קליין שטעדטעל לא קאפיזשא, אין וועלכען עס געשעהט קיינמאהל גארניט, איז אין א שעהנעם טאג געשעהען א זאך, וואס האט אלעמען אויפגערודערט.

„די פרוי פונ׳ם דירעקטאר פון דער רעגירונגס-שולע, ברעזאָן איז געוועזן זיין נאמען, האט מען געפונען טויט. לויט א בריעף, וואס זי האט געלאזען, האט מען זיך דערוואוסט אז זי האט בעגאנגען זעלבסט-מאָרד, ווייל איהר לעבען איז איהר מיאוס געווארען און האט פאר איהר פערלארען יעדען אינטערעס. דאס גאנצע שטעדטעל האט זיך געוואונדערט, ווייל יעדער האט געגלויבט אז זי, לעבט גליקליך מיט איהר מאן, וועלכער איז געוועזן זעהר אינטעליגענט. זי, ליובאַ האט זי געהייסען, איז שטענדיג געוועזן פרעהלאך, צופרידען, האט געפלוידערט מיט יעדער איינציגען און קיינעם איז קיינמאהל ניט איינגעפאלען צו קלעהרען, אז אין איהר לעבען איז פאראן א [illegible]ראַגעדיע און אז איהר ענדע וועט זיין אזא טרויעריגע. אלע האבען געזעהען ווי ברעזאָן ליעבט זיין פרוי מיט זיין גאנצער נשמה. ער איז געוועזן א הויכער, א פערקלערטער, וועלכער האט אימער געארבייט, איז כסדר פערטאהן געוועזן אין געזעלשאפטליכע ענינים: ער האט געארבייט אין שולע, האט געגרינדעט אן אַגראַר-באנק פאר קאלאניסטען, א קאָאפעראטיווא, און אליין געפיהרט אלע רעכענונגען און ביכער; אויך האט ער געשאפען א ביבליאטעק, אייגענע פעראיינען וועגען וויסענשאפט און ליטעראטור; ער האט זיך אפגעגעבען מיט אלעם. און אין זיין

צייט האט דאס שטעדטעל פּראָגרעסירט, און זיין נאמען, אלס איידעלער, גוטער מענש איז געוואָקסען. נאר ער איז שטענדיג געווען פערטראכט, און קיין שמייכעל האט מען אויף זיינע ליפען ניט געזעהען. זי, ליובאַ, האט שטענדיג געלאכט און געשמייכעלט צו איהם, נאר ער, אין זיין שטענדיגער פערטיעפקייט אין מאטעמאַטישע און סאציאָלאגישע פּראָבלעמען, האט ניט פערשטאנען די פּראָבלעם פֿון א פרויען־הארץ און האט זיך וועניג אומגעקוקט אויף איהר. מען האט זיי געקענט זעהען צוזאמען אין געזעלשאפט. אבער ביי זיי אין דער היים, לויט כ'האב זיך שפּעטער דערוואוסט, זיינען זיי געווען ווי פרעמדע. ווען איך בין אנגעקומען אין יענער שטעדטעל, האב איך זיך בעקענט מיט'ן פּאַאר'ל און מיר זיינען גיך בעפריינדעט געווארען. איך האב זיך געוואונדערט צו געפינען אין א פרוי אזוי פיעל וויסען און פערשטאנד, וועלכע האט פונקט אזוי געקענט דיסקוטירען איבער א נאָוועלע פון הוגאָ אדער מאָפּאסאן, ווי איבער די פילאזאפישע טהעאָריעס פון קאַנט אדער שאָפּענהויער; און אויסער איהר אינטעלעקטועלעס וועזען, האט זי געהאט פיזיש רייצענד; א קיילעכדיג, קינדיש געזיכט; בלויע, פער'הלומ'טע אויגען; און אינטערעסאנטען אויסזעהן אזוי, אז יעדער איינער האט זיך געפיהלט אלס פריינד צו איהר; זי איז געווען איינע פון יענע ליעבליכע פערזאָנען וואס קריגען באלד אונזער סימפּאטיע דורך א ווארימען האנד־דרוק, וואס דריקט־אויס אָפענהערציגקייט, טרייהייט, ליעבשאפט... איך מוז אייך דא בעמערקען, אז אָן דעם האנד־דרוק הערט א מענש דערקענט, אין וואס כ'בין איבערצייגט געווארען אין אלע מיינע בעקאנטשאפטען.

אויך ער, ברעזאָן, איז געווען אנ'אינטעלעקטועלער מענש, א גוטער, אנ'אָפענהערציגער... ביידע גלייכע, איינקלאנגיגע האראקטערען; ביידע ליעבהאבער פון די זעלבע גייסטיגע פערגעניגענס... פארוואס־זשע האבען זיי ניט געקענט הארמאָנירען? פארוואס האט יעדער איינער געלעבט אפּגעזונדערט זיין וועלט?... קיין קינדער האבען זיי ניט געהאט און ביסלעכווייס האבען זיי זיך דערווייטערט איינער פון צווייטען, אין ווען זיי האבען זיך אומגעקוקט האבען זיי זיך דערזעהן ווייט, ווייט, יעדער אין זיין ריכטונג... ער, אין זיין שטענדיגער קאָפּ־ארבייט, האט איהר פערנאכלעסיגט... זי, א יונגער, הייסער טעמפּעראמענט, האט פריהער, פאר זיין קאלטקייט ניט געוואגט ארויסצעווייזען די געפיהלען פון איהר הארצען... נאר זי האט אלעס פערבארגען און קיינער האט עס ניט געוואוסט,—ביז דעם טאג פון איהר זעלבסט־מאָרד. איך גלויב, אז דיזען פּראבלעם קען יעדערער פערשטעהן, נאר יעצט פאנגט זיך אן דער צווייטער, וועלכער איז אויך פאר מיר אונפערשטענדליך".

,אין זעלבען שטעדטעל האט געוואוינט אנ'ארימע פאמיליע, נאר

זעהר אנ׳אינטעלעקטועלע. ביי דיזער פאמיליע פלעגען די ברעזאָנ׳ס אפט פערברייננגען. די פאמיליע איז בעשטאנען פון די עלטערן מיט צוויי טעכטער. די עלטערע, עווגעניע האט מען זי גערופען, איז נאכדעם ווי זי האט געענדיגט די שולע ביי ברעזאָנ׳ען, אוועק-געפאהרען לעהרנען אין בוענאס-איירעס. זי איז געווען זעהר א פערשטענדיג מעדעל, א שעהנע, וועלכע האט געהאט פיעל געלעזען אין בעגריעפען דאס, וואס זי האט געלעזען; מיט ברעזאָנ׳ס פרוי, האט זי געלעבט ווי מיט א שוועסטער, און אין דער וואקאנץ-צייט פלעגט מען זיי שטענדיג זעהן שפאציערען אויף די פעלדער, זיין אימער איינע ביי דער צווייטער און עס האט אויסגעוויזען דאס אפילו דער פערטראכטער ברעזאָן, וואס מען האט געזאגט אויף איהם, אז ער קוקט ניט אויף דער שעהנקייט פון פרויען, האט שטארק סימפאטיזירט מיט איהר... זי האט געענדיגט אויף דענטיסטען און געפינט זיך יעצט אין בוענאס-איירעס...׳

„די אינגערע טאכטער, וועלכע האט געהייסען פעניאַ, איז געווען דער קאָנטראסט פון דער עלטערער. א דיקע, א גראָבע, איז זי געווען בעקאנט אלס די ערגסטע שילערין ביי ברעזאָנ׳ען אין שולע, וועלכע פלעגט איהר שטענדיג שטראפען און דערנאך איהר ארויס-געטריבען, איבער מיאוס׳ע מעשים וואס זי האט געטהון מיט די אינגלעך... פון דאמאלסט אָן איז זי געווען אין דער היים, האט געטהון אלערליי שווערע ארבייטען און, האט זיך געשפיעלט מיט אינגלעך. אזוי ווי זי האט געהאט וויניג קאָפּ-דרעהעניש. איז זי אויסגעוואָקסען א געזונדטע מויד, מיט א קערפער וואס האט נאר דערמאהנט די נקבה... אין די געשפרעכען, האט זי קיינמאהל קיין איינטהייל ניט גענומען, איז אימער געווען אין קיך, און האט זיך אפילו ריכטיג ניט געקענט אונטערשרייבען׳.

„אזוי ווי טאג צו נאכט, אזוי זיינען געווען ביידע מעדלאך איינע צו דער אנדערער; אזוי, אז ניט קענענדיג זיי, האט מען קיינמאהל ניט געקענט גלויבען דאס זיי זיינען שוועסטער... איינע איז געווען די פערזאניפיצירונג פון גייסט און די צווייטע פון קערפער...״

„אויף מארגען נאך דער שרעקליכער געשעהעניש, האב איך בעגעגענט ברעזאָנ׳ען אויפ׳ן בית עולם, וואו אונטער א פרישען בערגעל ערד איז געשלאפען איהר אייביגע רוה די ארימע ליובאַ; איך האב איהם במעט ניט דערקענט; זיינע האָהר זיינען גרוי געווארען, זיין שטענדיג מאָגערער פנים איז נאך מעהר איינגעשרומפּען געווארען און ער האט אויסגעזעהען פערצווייפעלט; איך האב איהם געזאגט איינינע נארישע טרייסט-ווערטער און בין אוועק״.

„אום צו ענדיגען, ווייל איך זעה אז די דאמען ווילען שלאפען, וועל איך אייך זאגען בקיצור, דאס אין דריי מאנאט נאך איהר טויט

איז ווידער געשעהען א זאך, וואס האט נאך מעהר פערוואונדערט דאס שטעדטעל ווי די ערשטע פאסירונג..."

—ער האט בעגאנגען זעלבס-מארד!—האט אויסגערופען שמעון בערגשטיין.

—ער איז געשטארבען פון געוויסענביסע!—האט יעקב בערלין געדענקט.

—ער איז משוגע געווארען!

—ער האט געהייראטהעט עווגעניען!

—ניין!—האט גרינוואלד ערווידערט;—שפאצירענדיג מיט זיין נייער פרוי, האט מען געזעהן ווי ביי איהר האט זיך א שוכ-בענדעל אפגעבונדען, איז ער געפאלען אויף די קניה פאר איהר און האט עס איהר צוגעבונדען, קושענדיג איהרע פיס.—און זי איז געווען פעניאַ!...

עס האט זיך אויפגעהויבען אזא געשריי, אז מען האט קיינעם ניט פערשטאנען. גרינוואלד האט פערדויכערט א ציגאר און האט נערוועז און פיבעריש גענומען רויכערן.

פעדערמאר. סעפטעמבער 1919



# די פּאָעמא פון בענקשאפט



## א.

„דארטען ווייט, אין דער אומבעגרענצטער ווייטקייט פון די ים׳ען; דארטען אין יענע געגענדען וואו די שטאלצע שיפען פון די ווייסע, האבען קיינמאהל דערגרייכט; דארטען, וואו די נאטור איז נאך נאטירליך; דארטען, וואו די ווינטען דערצעהלען צו די ים-הוואליעס זייערע אייביג-טיעפע סודות; דארטען שטארצט ארויס פון די שוימענדע וואַסערן א פעלז; די שטארקע וועלען פון דעם געהיימניספאלען ים, קלאפּען אָן מיט אונבעשרייבליכען צאָרן זיינע שטיינערנע ברעגען, אזוי ווי זיי וואלטען זיין שטאלצקייט וועלען צושמעטערען אין טויזענד שטיקער; אזוי היי זיי זאלען זיך פיהלען בעליידיגט פון זיין איינזאמקייט, פון זיין שטילקייט; ווייסער שוים רינגעלט איהם ארום פון אלע זייטען און נאקעט איז ער, אהן פלאנצען. אויף דעם איינזאמען שטיין וואלט איך מיט דיר, מיין טייערע, אייביג געזעסען, האלטענדיג דיינע הענד אין מיינע; פיהלענדיג די ווארימקייט פון דיין צארטען קערפּער אין מיין בלוט; דארטען וואלט איך מיט דיר אייביג געזעסען און געטרוימט פון שעהנע הימלען און פון בלויע, אויסגעשטערנטע נעכט, וואס פילען אָן דאס הארץ מיט א ים פון גוטע געפיהלען; וואס מאכען יעדען איינעם פיהלען דעם שמערץ פון דעם צווייטען; וואס מאכען פון יעדער מאן — א ברודער, און פון יעדער פרוי, — א שוועסטער, א מאמע; דארטען, מיין שעהנע, וואלטען מיר געפיהלט דאס אייביגע גליק פון איינ׳און׳איינציגע ליעבע; און מיר וואלטען זיך איינגעהערט צו דעם הארמאנישען געזאנג פון די שווארצע הוואליעס און זיך פערטיעפט אין די גרויסקייט פון זייערע לעגענדען... דארטען מיין איינציגע, וואלטען מיר עררייכט דאס גליק!...״

## ב.

„אזוי ווי א קליינינקער טראָפּען אין ים, אזוי ווי א שטויב אין דער סאַהאַראַ, אזוי איז אונזער מוטער-ערד אין דעם אונענדליכען

אוניווערז... אין די בלויע, פערחלומ'טע נעכט, וואלטען מיר, מיין ליעבע, געקלעהרט פון די סודות וואס רינגלען אונז ארום; און איך וואלט דיר דערקלעהרט ווי אזוי אונזער ערד איז געבוירען געווארען און ווי אזוי יעדער מינוט עס ווערען נייע וועלטען געבארען; אין די העכסטע הימלען פון דער אילוזיע וואלטען מיר געפלויגען און דארטען, ווייט פון דער ערד, געפיהלט דעם שמערץ פון אלע מוטער'ס, בעת זייערע קינדער פערלאזען זיי; דאס וועה פון אלע מעדלאך, וואס, ניט וויסענדיג אז די ערד איז פול מיט בלוט-דורשטיגע וועלף, ווערען פערפיהרט און פערליערען זייער עהרע אין די הענד פון היפאָקריטען; דארטען וואלטען מיר געפלאַנט ווי אזוי אלע אונזערע ברידער און שוועסטער זאלען גליקליך זיין און ווי אזוי צו נעהמען נקמה פון אלע די יעניגע, וואס מאכען פערגיסען טרעהרען... פיעל מיין טייערע, גלויבען נאך מיט אנ'אירדישען שטאלץ, אז אונזער ערד איז די איינציגע-בעוואוינטע פון אלע פלאַנעטען; פארוואס?... די זעלבע ווארימקייט וואס מיר בעקומען פון דער זון, בעקומען די אנדערע אויך; ווער ווייסט, צו וואס פאר א הויכער שטופע פון ציוויליזאַציאָן און פראָגרעס יענע מענשען האבען שוין געגרייכט? פילייכט איז שוין דארטען קיין שמערצען פאראן; פילייכט האבען זיי שוין אויסגעפונען אזא וואונדער-ארגאניזאציאן, אין וועלכער אלע פיהלען זיך גליקליך און וואויל; פילייכט האבען זיי שוין געפונען דעם מיטעל צו פערלענגערן דאס לעבען... ווער קען עס וויסען, וואס קענען מיר פערשטעהן?...'

ג.

„אנ'אומענדליכע אונענדליכקייט מיט יאהרען זיינען שוין אוועק, אזוי ווי ווערטער געזאגטע פון אנ'אומבעקאנטען גאט; אלעס וואס עקזיסטירט יעצט, האט שוין עקזיסטירט אמאהל; אלע ליעבעס-ווערטער וואס ווערען גערעדט, זיינען שוין גערעדט געווארען; די באנק אויף וועלכער מיר זיצען, האט שוין עקזיסטירט אלס א טהייל פון א מענש, א בלום, א חיה, א שטיין... און גוט איז צו קלעהרען, מיין ליעבע, אז אונזערע אטאָמען, אונזער פלייש, וועט אמאהל פערוואנדעלט ווערען אין גרינינקע גרעזעלאך וואס וועלען ערפרישען די הונגעריגע חיות, אין בוימער וואס וועלען געבען דעם מיעד-געוואָרענעם רייזענדער א שאטען, אין בלומען וואס וועלען געקושט ווערען פון מעדעלשע ליפען און אין זיסע פרוכטען, וואס וועלען זעטיגען די קליינע קינדער... דאס לעבען, מיין ליעבע, דארף מען פ י ה ל ע ן. און דער וואס פ י ה ל ט וועט קיינמאהל קיין שלעכטס ניט בעגעהן... דער מענש וואס הויבט אויף וועך-ניט-ווען זיין בליק צו די ווייטע שטערן; דער מענש וואס בעקלעהרט זיך אז ניט אייביג לעבט ער; דער מענש וואס הערט זיך

איינמאהל איין צו זיין אינוועניגסטע שטימע, דיזער מענש, מיין שעהנע, וועט קיינמאהל ניט שטארבען; זיין צופריעדענהייט, זיין שעהנע האפענונג, זיין גלויבען אין א גוטען ציעל, וועט שטענדיג מאָלען פאר זיין פאנטאזיע בילדער פון גליק... דארטען, אויף דעם איינזאמען פעלז, מיין שעהנע, אין די זילבער-נעכט, ווען דו וועסט אנשפארען דיין קאָפּ אויף מיין הארצען, ווען אונזער יוגענד וועט אונז בארוישען, דארטען, מיין גוטע, וועלען מיר בלייבען אומשטערבליך!...״

## ד.

„ווען די נאכט איז פינסטער און דאס הארץ איז טרויעריג; ווען דאס לעבען פערליערט זיין גלאנץ און מען בענקט נאך אייביגער רוה; ווען עס דוכט זיך אונז, אז אלעס איז א חלום און א שווארצע בלום פון פערצווייפלונג שפּראָצט ארויס אין הארצען; ווען די שעהנסטע פאנטאזיעס ווערען פערפראָרען אין דער קעלט פון פערגעסען; דאן קלעהר איך, אז אין הונדערט יאהר ארום, וועט קיין שום זאך וואס עקזיסטירט יעצט, מעהר ניט עקזיסטירען אין דער זעלבער פאָרמע; קיין שום ליידענדער ,איך׳ וועט דאן פיהלען... נאר ווען איך זעה ווי, אין דער צייט פון פריהלינג, בעקליידען זיך די וועלדער מיט׳ גרינס; ווי עס קומען צוריק די פויגלען פון ווייטע לענדער און ברייגגען האפנונג אין זייערע זיסע לידער; דאן קלעהר איך, אז ווי ס׳זאל ניט זיין, די צייט געהט איהר גאנג, אלס אנ׳עפעקט פון דעם דרעהען זיך און דער גראוויטאציע פון די פלאַנעטען; ליידען מעהר, ליידען וועניגער; פערשטעהן מעהר, פערשטעהן וועניגער... מיר ווערען ניט געבארען ווען מיר ווילען און וואו מיר ווילען און מיר לעבען ניט ווייל מיר ווילען... עס איז א נאטירליכער געזעץ וועלכער עקזיסטירט אום צו פערא״בינע די מינים... דער מענש מוז געהן ווייטער... ווייטער.... גרויס און אָפען איז דער וועג פאר יעדער מענש. דער וואס קעהרט זיך אָפּ פון גרויסען וועג און געהט אין קרומע שטעגען, מוז אם ענדע פערפאלען ווערען אין זיי... לאמיר מיין שעהנע, קוקען שטענדיג ארויף, לאמיר קיינמאהל ניט פערליערען אונזערע בליקען אין די פינסטערע טהאָלען... שעהן איז דער בארג, דער הויכער, אייביג-בעדעקטער מיט שנעע!... לאמיר געהן, מיין איינציגע! ווילען מיר זיעגען, טאָרען מיר קיינמאהל ניט קוקען אויף צוריק!...״

## ה.

„ריידען פון טויט ווי פון א גוטען, בעפרייאונג׳ס מיטעל, איז א שאנדע; דער אייזען ווערט דורך קלעפּ און פייער פערוואנדעלט אין שטאָהל; מיר מוזען שטארק און פעסט ווערען פון די קלעפּ וואס

דער שיקזאל גיט אונז. אַלמאַפּוערטע זאגט: „אזוי ווי פון בוים פאלען ניט אראָפּ אליין נאר די טרוקענע בלעטער, אזוי פערצווייפלען ניט, נאר די אונקרעפטיגע און עס טוידטען זיך נאָר די נוצלאָזע...״ די שמערצען פון לעבען, דאס מיטפיהלען יעדער פרעמדען-וועה, דארפען זיין אונזערע היילינע לעהרערס; יעדער איינער קען עפּעס טהון... און זיין לעבען איז שוין ניט נוצלאָז; ניט אלע פלאנצען קענען דופטען ווי די ראָזע... „מיינע פיינד ווינש איך אלעס גוטעס; מיינע פריינד, אלעס שלעכטעס...״ האט געזאגט ניעטשע. לאָמיר לאבען, געליעבטע, פון די שמערצען פון לעבען!...״

## ו.

„אין א שעהנעם זומער-פריהמארגען, ווען אין מזרח בעווייזען זיך די ערשטע זונען-שטראהלען און בעגיסען מיט גאלדענע פּאַסען די גרינע פעלדער און בוימער, אויף וועלכע עס גלאנצט דער מאָרגען-טהוי; ווען מען זעהט ווי די גראָזען און בלומען פרעהען זיך; ווען מען הערט, די פרעהליכע ליעבעס-ליעדער וואס יעדער פויגעל זינגט צו זיין געליעבטע, אין דער ווארימער נעסט, צווישען דעם שאָטען פון די געדיכטע צווייגען; ווען אלע מענשען שטעהען אויף, מונטער און געזונד צו די טעגליכע ארבייטען, מיט זיסע האפנונגען אין הארצען און פרעהליכע געדאנקען אין קאָפּ... ווי קען דאס מענשליכע הארץ זיין טרויעריג? איז ניט דאס לעבען א גאָרטען מיט בלומען, אלירע מיט די שעהנסטע געזאנגען? דו וועדסט טרויעריג, זאגסטו, פון צופיעל שעהנהייט? ווען דאס הארץ איז פוסט, מאכען די גלענצענדע בילדער א שלעכטען איינדרוק? פאנטאזיעס, געליעבטע, פאלשע אידעען! ניט געווינט, לאמיר געהן שפּאצירען אין וואלד! דארטען וועלען מיר, אונטער דעם ליעבען שאָטען פון אור-אלטע בוימער, אויף דעם וייכען גראָז זיך אויסציהען, מיט דער פרייהייט פון נאטור-קינדער; ביי דעם ברעג פון קלאָהרען טייכעל וועלען מיר צולעגען גרויסע פייערען... דער וואלד מיט זיינע פויגלען וועלען זיין אונזער אָרקעסטער; די צווייגען אונזער דאַך; די פרוכטען אונזער שפּייז; די פרייהייט אונזער לעהרער; די ליעבע אונזער פיהרער... קום, מיין שעהנע, די צייט לויפט... זי קומט ניט צוריק!...״

## ז.

„זומער. די זון ברענט. דער וועג איז פוסט און לעדיג; אלעס איז ווי איינגעדרימעלט. די הויכע בוימער שטעהען רוהיג, ווי זיי זאלען קלעהרען פון דעם גרויסען סוד פון לעבען: דריי ציגיינער זיצען אונטער א בוים; זייערע קליידער זיינען צוריסען, זייערע

געזיכטער זיינען פרעהלאך און צופריעדען; איינער שפילט אויף א מאַנדאָלינע, ארויסרופענדיג קלינגענדע טענער; דער צווייטער זינגט און דער דריטער ליעגט אויסגעצויגען אויף דער ערד און רויכערט, קוקענדיג פער׳הלום׳ט אויף די וואָלקענס-רייך וואס געהען פון זיין מויל; עס וועט ווערען קיהלער וועלען זיי וויטער פאָרזעצען זייער וועג... פון זיי, האב איך, מיין שעהנע, זיך געלעהרענט צו לעבען שפיעלענדיג, זינגענדיג און רויכערענדיג... זאל דאס לעבען געהן, זאל דער ריעזיגער צייט-זייגער אויסקלאַפּען די שטונדען און די יאהרען!... קענען מיר דען עפעס טהון אום זי צו פערהאלטען, אום אונזער זיסע יוגענד צו פערלענגערען?..״

## ח.

„קיינער ווייסט ניט און קיינער וועט קיינמאהל ניט וויסען, אויב נאך דעם ווי דער מענש שטארבט, איז פאר איהם פאראן נאך עפעס; אויב אויסער דאס מאטעריעלע געפינט זיך אין איהם נאך עטוואס גייסטליכעס, אונבעגרייפבארעס... פילייכט ווערען מיר דערנאך געבארען אין אנ׳אנדער וועלט און אזוי זעצען מיר פאָר, אנ׳אונענדליכען גאנג פון לעבענס און עקזיסטענצען אויף אנדערע פּלאַנעטען?... און ווייסען מיר דארטען, ווען מיר ווערען געבארען, פון וואנען מיר זיינען געקומען?... אונזער זעלבער „איך״ עקזיסטירט ווידער? ווי גליקליך וואלטען מיר דארטען געווען, מיין טייערע, ווען מיר זאלען זיך ווידער געפינען אין אנ׳אייביגער יוגענד!... אונזער לעבען דא, אויף דער ערד, איז אזוי קורץ! אט ליעגען מיר אין וויעגעל, הערענדיג דער מוטער׳ס געזאנגען; און באלד זוכען מיר שוין אנדערע ליעבעס, יענע מוטער-לידער קענען אונז מעהר ניט איינהאלטען, די מוטער-בענקשאפט פערליערט פאר אונז איהר ווערטה און מיר זוכען אנדערע לידער... און באלד, עדהער מיר בעקלעהרען זיך, ווערען ווייס אונזערע שווארצע האָהר, די שעהנסטע געפיהלען פערלאָשען, און דער גרויזאמער קבר ערוואַרטעט אונז שוין! די בוימער, מיין ליעבע, די פלאנצען, ווערען יעדער זומער ווידער-געבארען, נאר מיר, אומגליקליכע מענשען, ווען די ערד בעדעקט אונז... ווער ווייסט?... פילייכט?... אפשר?...״

## ט.

„דער מענש מוז זיין שטאלץ און אַמביציעז, ווייל דיזע געפיהלען בריינגען דעם פראָגרעס פאר דער וועלט... אימער ווייטער, שטענדיג העכער, קיינמאהל ניט בלייבען שטעהן אויף דעם זעלבען פלאטץ!...
„בעסער זיין א פערברעכער, עדהער אויסשטרעקען די האנד אלס א בעטלער...״—האט אונז געלעהרענט דער גרויסער ארגענטינער דענקער. זעהען, אז דער מארגען זאל ניט זיין ווי דער היינט; דאס

הארץ זאל זיין א נעסט פון געפיהלען, דער קאָפּ—פון געדאנקען. הויבען מיר אן א זאך, זאלען מיר זי אימער פארזעצען, ניט אכטענדיג יעדען ווידערשטאנד. „מיר טהוען ניט פיעל זאכען, ניט וויל זיי זיינען שווער, נאר וויל מיר האבען קיין מוטה ניט זיי אנצופאנגען!׳— האט געזאגט נעראָנ׳ס אלטער לעהרער. וועלען מיר זיין שוואך און לייכטזיניג, וועלען מיר קיין זאך ניט דערגרייכען, וועלען מיר אימער פאלען באַרג-אראָפּ. דאס לעבען איז א קאמפף, א ריעזיגער צוזאמענ-שטויס פון געדאנקען און געפיהלען. וועה צו די, וועלכע האבען ניט קיין פונקט אין דעם האָריזאָנט וואוהין צו ווענדען זייערע טריט! וועה צו די, וועלכע האבען ניט קיין גלייכע ליניע וואו צו געהן!... זייער הארץ וועט שטענדיג זיין פוסט, נאקעט ווי די בוימער אין ווינטער; עלענד, ווי די לְבנה אין הימעל!...׳

י.

„שטראַהלען פון דער לבנה אין די זומערדינע צויבער-נעכט; קלאנגען פון די וואַסערען פון גרויסען ניאַגאַראַ; געהיימע מעלאָדיען וואס רוישען ביינאכט אין די וועלדער; הייליגע ווערטער פון ליעבע; אלטע צעדערען פונ׳ם לבנון... שעהנע הימלען פון איטאליען און גריכענלאנד, אלטע לעגענדען פון גליק און אומגליק; געראוישׁ פון די וועלען וואס קלאַפּען אייביג אין איינזאמען פעלז... גיט מיר אלע אייערע טיעפע קלאנגען, גיט מיר אייער איינדרוקספאָלע שטימע; גיט מיינע ווערטער אייער נאטירליכען גלאנץ,—אום מיינע רייד זאלען בלייבען ביי די מענשען אזוי ווי אייערע קלאנגען בלייבען אויף אייביג ביי מיר...״

יא,

אזוי האט דער פאָעט געערעדט אין יענער שטילער נאכט, אין איינזאמען גאָרטען, זיצענדיג אויף א באנק מיט זיין געליעבטע, וועלכע האט ניט אראָפּגענומען די אויגען פון איהם. ווען ער איז שטיל געבליבען האט זי, ניט ריידענדיג, איהם ארום גענומען, האט אָנגעשפּאַרט דעם בלאָנדען קאָפּ איהרען אויף זיין הארצען און האט אנגעהויבען וויינען. די נאכט איז רוהיג געפלאסען און די מיליאַרדען שטערן האבען געוואונקען פון הימעל; זעהענדיג איהר טרויער און דריקענדיג איהר פעסט צו זיך האט ער וויטער, מיט א שטילער שטימע געערעדט:

„דו ביזט אומעטיג, מיין שעהנע; דו פיהלסט אז עפעס ווילסטו און פערשטעהסט ניט וואס; א זיסע בענקעניש זינגט אומבעוואוסט וואונדערליכע ליעדער ביי דיר אין הארצען; דו ווילסט אז אלע, אלע, זאלען זיין גליקלאך; דו פיהלסט מיטלייד אויף אלע מע־לאך וואס האבען ניט וועמען צו ליעבען, וואס האבען בעהאלטען אין זיי אזוי פיעל יס׳ען מיט ליעבעס-געפיהלען און טאָרען זיי ניט אויסדריקען;

דו ווילסט פליהען אין דער ווייטקייט, ערגרייכען די שטערן, צוגאנגען ווערען אין דער גרויסער שענקייט פון דער נאטור; איך פערשטעה דיין געפיהל און איך פרעה זיך מיט איהם... איך פיהל וואס דו פיהלסט, דיינע געדאנקען זיינען מיינע... אויך ביי מיר אין הארצען שפיעלט דער אייבינער פידעל פון שענקייט און בענקען... אזוי זיינען די גליקליכע, די וועלכע די נאטור האט זיי געשענקט דעם נייסט פון בעאבאכטונג און פאנטאזיע; אזוי האבען געפיהלט אלע, וואס האבען געזוננען פאר דער וועלט; עס איז די שטימע פון דער נאטור, פון דער נאטהייט וואס געפינט זיך אין יעדער זאך, וואס קלינגט און רעדט; עס איז דער גערויש פון אלע וועלטען, וואס דערפילען דיער אייביגען שיקזאל; עס איז דער קלאנג פון אלע זיפצען, וואס הערען זיך אויף דער וועלט... לייד מיין ליעבע, וועסט קענ״ן זיין גליקלאך! ווען עס וואלט קיין נאכט ניט געוועזען וואלט דער טאג קיין צויבער געהאט; ווען דער ווינטער זאל ניט עקזיסטירען, וואלט דער פריהלינג ניט געהאט זיין געטליכען פראכט... ווען דו וועסט בענקען נאך עטוואס אומבעקאנטעס, וועלען מיר פאהרען אין ווייטע, פרעמדע לענדער, וואו דער פראכט פון דער נאטור וועט אונז מאכען פרעהלעך און גליקלעך... מיר וועלען פאהרען אין די לענדער פון סקאנדיאַוויען, וואו דער שנעע פאלט לאנגזאם און מאכט ווייס די פעלדער... אויף די פערפראָרענע פיאָרדען פון נאָרוועגיען וועלען מיר שפאציערען און דער שנעע וועט סקריפען אונטער אונזערע פיס און די בלוט וועט בעפארבען אונזערע באַקען מיט לעבען און לוסט; מיר וועלען פאהרען אין שאָטלאנד, דארטען וואו די פעלדער זיינען פון שפיציגע שטיינער און עס רוישען די קלאָרע וואַסערן פון די טייכען; דארטען וועלען אונז די איינוואוינער פון די בערג דערצעהלען די לעגענדען פון זייערע פאָלקס-העלדען; מיר וועלען בעטראכטען די אינזלען פון דעם נאָרד-ים און מיר וועלען בעזוכען די הייל וואו פינגאַל האט געקלאגט נאך זיין געליעבטע... און ווען מיר וועלען מיעד ווערען פון די קאַלטע לענדער וועלען מיר פאה־ען אין איטאליען, אין גריכענלאנד, דא־טען וואו די הימלען בעגייסטערן מיט לעבענס-לוסט און מיט האפנונג... אויף די הויכע אַלפען-בערג וועלען מיר געהן און איך וועל פאר דיר אויסזוכען די שעהנסטע בלומען, די עדעלסטע ראָזען, וואס קיין מענשליך אויג האט זיי נאך ניט געזעהן... מיר וועלען זיך ארום-שיפען אין די גאסען פון ווענעדיג, הערענדיג די באַרקאַראָלען פון די מאטראָזען; די שעהנע שטעדט ווי פלאָרענץ, נעאַפּאָל, טורין, מיילאנד און די אנדערע, וועלען אונז וויזען זייערע קונסט-טעמפלען, זייערע אוצרות פון אמאהל... און אין די שטילע וואַסערן פונ׳ם אַדריאַטישען ים, אויף די אינזלען מיט קלינגענדע נעמען, וועלען מיר בעטראכטען די אמאהליגע גרויסקייטען פון

גריכענלאנד; און מיר וועלען זיך פערטיעפען אין דעם גרויכען סוד פון אמאהליגע עקזיסטענצען און אין אונזער פאנטאזיע וועלען ווידער-אויפלעבען די וואונדער פון דער גריכישער נשמה און קונסט; און דאן, ווען אונזער נשמה וועט זיין איבערפול מיט זכרונות און האפנונגען, ווען מיר וועלען פערשטעהן די קליינקייט פון מענשליכען לעבען... דאן וועלען מיר גליקלעך זיין!..."

——

די לבנה האט רוהיג געשיינט, קוקענדיג איראָניש אויף דעם בילד אין גאָרטען... נאר די געליעבטע האבען עס ניט געזעהן... ווער קוקט אויף דער לבנה בעת ער האט ערדייכט זיין גליק?...

פעדערמאַר. 1919.

[signature]

# ביבליאָגראפיע

## ספרדים און אשכנזים.

ס'איז שוין גאר קיין נייעס ניט. אונזערע ברידער די ספרדים, איבער-הויפט די, וואס קומען פון נארד-אפריקא, לעבען איצט בלויז פון זכות אבות און האלטען זיך פאר גאר א בעזונדער ראַסע: די ספרדישע; בלאזענדיג פון זיך צוגלייך מיט יענע גענז וואס האבען אמאהל די שטאדט רויב גערעטעט...

די פאר'גוי'אישטע ספרדישע שרייבער, ניט וויסענדיג דאס דיזע אָריענטאליסטען ווערען איצט אין זייער קליינליכקייט בעהערשט פונ'ם „גרויסקייט-וואַהנזין", האבען עס אויפגעכאפט פאר אן אבן-טוב און בעאיינפלוסט פון די „אידען פון דער ליטיינישער קאנגרעגאַציע", פלאַפּלען זיי אומגעלומפערט און מישען צוזאמען „באָטשווינע מיט קוואס", ביז עס ווערט דערפון עפעס א פערזעהעניש ר"ל.

אין די מאנאטליכע ביכער פון „על ליבראַ עספּאַניאל", קומט קארלאס גארסיא לאַנדאַ, מיט א לאנגען ארטיקעל איבער „די אידישע פראָבלעם און די שפאנישע שפראך". מיר ווערען דארט למשל געוואָר, אז „די אידען ליעבען הארצליך שפאניען" אז „זאגאר די קינדער אין רוסלאנד און דייטשלאנד זינגען ספּעציעלע הימנען ביים ארויס-געהן פון חדר, וואו זיי בעטאָנען די בענקשאפט נאך שפאניען", און אז אלע אידען, נִיט נאר די שפּאניאָלישע וועלען פּאָרציהען שפאניע, אנשטאט ציון. (?)

אט אזוי ווערט געפלוידערט אום זיך צוצוחנפ'ענען צו די שפאניער און עדות דארויף ווערט געבראכט פון סאלאניק, לאנדאן, פראנקפורט און אויך מאָסקווע און אז דער סענאטאָר פולידאָ בכבודו ובעצמו, האט געהערט ווי קינדער פון אן אשכנז'ישע שולע דוקא, האבען געזונגען א שיר אין לשון-קודש און דער לעהרער אליין האט איהם פערזיכערט אז דאס איז צום אנדענקען פון דער שפאנישער שפראך, א ראיה, זיי האבען אין העברעאיש געזאגט:

A tí lengua santa,
a tí, la que adoro,
mas que a todo la plata
y todo el oro....

און דער שרייבער צולאזט זיך אין קעלבערנער התפעלות „א
אכט מיליאן אידען וואס רעדען שפאניש (?) אויב זיי וועלען אפי
פערווירקליכען די אילוזיע און אין ירושלים'ר געגענד אויפבויען
מלוכה, וועט אלץ שפאניע זיי גייסטיג בעהערשען און מ'וועט ווידע
קענען זאגען „אז אין שפאניע פעגעהט קיינמאהל ניט די זון"—אז
וועט סערוואנטעס'עס לשון און ליטעראטור בעהערשען אלע ווינקעל

פונ׳ם ערד-קוגעל, דאנקענדיג אידישער טריישאפט צו זייער אור-אלטען שפאנישען פאטערלאנד״.

ווען דערצו מיר׳ן נאך צוגעבען דעם חשבון פון אלע גדולים, וואס זיינען אידישע שפאניאָלען און אז זאגאר די ארגענטינער קאלאניסטען זיינען אויך ספרדים (פולידאָ) און אז אלע טיטולען געהערען אונטער אידען נאר די שפאניאָלען, א סימן, אט דערצעהלט דאך דער עמיר עמין אַרסלאַן מיט איראָניע איבער דער דאָקטאָראָמאניע וואס האט אלעמען ארומגעכאפט אז ,דער קיקיונ׳דיגער אידישער אוניווערסיטעט „איזראַעל״, טהיילט דאקטאר טיטולען און בעגנעדיגט מיט א קרוינדעל זעבאַזשאס׳ן אליין—(ז. לא נאַטאָ) ווייל דער הויפט „מאכער״ איז פון לאנג שוין אן אַדעליגער מיט א צוגעטשעפעטען „פאָן״, און גראדע ניט פון ירושה,—דאן מוז מען קומען צו שלוס אז די ישועה וועט קומען נאר דורך די ספרדים און די גאולה וועלען אידען האבען דוקא אין טארקוועמאדא׳ס פאַטערלאנד!

איז נאך עפעס דען פאראן צו זאָרגען?

קליינינקע מילבען, זשאַבעס וואס בלאָזען זיך אָן און ווערען צעפלאצט... א רחמנות נעבאַך אויף אזעלכע נפשות וואס לעבען פון יהוס-אבות, וועהרענד אליין זיינען זיי קריבערישע טעלער-לעקער...

דערפאר האבען זיי אונז מזכה געווען מיט אן אוניווערזיטעט, וואו אפילו די גוים קומען לעהרנען הכמת-ספרדית, ביי די „איזראעליטאס לאַטינאָס״...

״ ״ ״

אט איז עפעס געשעהן א נייעס. די תלמידים האבען דעם רבי׳ן משלה געווען און אויף אייגענעם חשבון איבערגענומען זיך מתעסק צו זיין אויפ׳ן אלטען שטייגער, נאר אונטער א נייעם נאמען. אנשטאט ספרדים וועלען איצט זיין אשכנזים.

אין „לא ראסאָן״ קומט די מיטהיילונג. די „אוניווערסידאד ליברע איזראַעל״ כדי א סגולה צו האבען איז משנה השם; איצט וועט זי כל ישראל כולל זיין: „אוניווערסידאד ליברע איזראעליטא״—הייסט זי שוין און וואוינט אויף פלארידא 377; און טאקע אין זעלבען צימער וועט ה׳ דאוויד סאנדלער,—אזוי שרייבט מען,—אויך ארויסגעבען א זשורנאל מיט א געקליבענעם מאטריאל, אונטערן נאמען „מונדאָ איזראעליטא״ (די אידישע וועלט).

און דערביי פערזיכערט מען אין יענער נאטיץ, אז די „אוניווערזיטעט״ עהמט זיך אונטער איהר קולטורעלע טעטיגקייט צו פערגרעסערן און עט הויפטזעכליך דרוקען בראשורען און ביכער, צעווישען וועלכע עס יינען פאראן די התיכות פון די „אינזשעניערן״ מאקס נארדוי, סויסא רעילי, אנועל אוגארטע, ע. ס. זעבאזשאס און ערנעסטא נעלסאָן.

צו-וואס פירושים? מיר׳ן ווארטען אויפ׳ן פארטיגען.

Editores propietarios: Gmo. KUPERSCHMID, J. S. LIACHOVITZKY y J. PODGAEZKY

# קינדער גאַלעריע



ליעבע קראַוועץ.

(4 יאהר)

קאָרדאָבאַ



וולאַדימיר פּאָדגאַיעצקי

(3 יאהר)

בוענאָס-איירעס



# צום ערשטען באַנד

מיט דיזען נומער (9), ווערט געשלאסען דער ערשטער באנד פון די „ביכלאך פאר יעדען"; נאכדעם ווי זיי האבען דורכגעלעבט דעם ערשטען און שווערסטען פערטעל יאהר פון זייער עקזיסטענץ.

יעדערער וועט מודה זיין, אז די אויסגאבע האט צופרידען געשטעלט די שטרענגסטע פאדערונג פון די פערשטענדיגע לעזער און אז דיזער באַנד, מעג א בכבוד׳יגען פלאטץ פערנעהמען אין יעטווידער אידישער הויז און ביבליאָטעק.

אונזערע לעזער בכלל און אבאָנענטען בפרט, בעטען מיר דארום, אונזער אויסגאבע וואס מעהר צו פערשפרייטען און אונז מאראליש און מאטעריעליש שטיצען. דערמיט וועלען זיי ערפילען א חוב צו דער אידישער ליטעראטור וואס טרעט זיך דא אויס א וועג, הוץ דעם פערגעניגען וואס זיי וועלען אליין געניסען לייענענדיג אין אידיש דאס, וואס עס ווערט דא אין לאנד גופא געשאפען און האט זיך ניט וואס צו שעמען פאר די אויסלענדישע ליטערארישע אויסגאבען.

מיר ערווארטען, דאס אלע אבאנענטען וועלען אריינשיקען אין דער אדמיניסטראציע דעם קליינעם איינשרייב בעטרעף, אדער איינצאהלען אונזערע פערטרעטער, כדי מיר זאלען ניט געצוואונגען זיין, אבצושטעלען די ווייטערדיגע צושיקונג פון די עקזעמפּליארען.

די אומבעדייטענדע סומע וועט געוויס יעדערער צאהלען, שטיצענדיג אזוי דיזען פערלאג און זיכערנדיג די אויסגאבע פון די: ביכלאך פאר יעדען.

שניידט - אָב דעם קופּאָן און שיקט איהם אין דער אדמיניסטראציע.

---




Señor Administrador
J. PODGAEZKY
Buenos Aires

געעהרטער הערר:

דאָ שיק איך אייך די סומע פון

..............................

אלס אבאָנענט פון ״ביכלאך פאר יעדען״

אויף א צייט פון ..............

וועגען דער .............. אויסגאבע.

מיט אכטונג:

..............................

.............................. de 19......

# די געטליכע מוזיק.

מעלאָדיען, האַרמאָניע, מוזיק און געזאַנג,—זיינען די איידעלסטע געפיהלען פון דער מענשליכער נשמה. דער וואס לעהרענט די געפלינגעלטע שפראך פון די כרובים און מלאכים, מוז בעזיצען אַן אידעלען גייסט, א צארטע נשמה. ווייל נאר דורך די זיסע און געפיהלפולע טענער פון דער מעלאָדיע, איז מען אימשטאנד איבערצוגעבען אזעלכע טיעפע איינדריקען, שאפען אזא התפעלות, ענטוויקלען אזא מין בעגייסטערונג, וואס די פראָזאאישע טרוקענע ווערטער-קלאנגען. זיינען קיינמאהל ניט ביכולת אויסצודריקען.

די „קאָנסערוואַטאָריע זולצער״, האט אין די עטליכע יאהר פון איהר עקזיסטענץ בעוויזען, דאס זי איז דער איינציגער אידישער אינסטיטוט פאר מוזיק, וואס גיט אַן ערנסטע אויסבילדונג און מוזיקאלישע ערציהונג. זי פערקניפט די קינדערשע געפיהלען מיט דעם גייסטיגען אוצר פון מעלאָדיען, און בעסערט-אויס זייערע נשמות, געבענדיג-זיי די ריכטיגע אָפּשאַצונג פון טענער און נאָטען.



רעבעקאַ שניטמאַן
פראָפעסאָרא

דאס בעשטעטיגען די צאהלרייכע שילער און שילערינס, וואס האבען געענדיגט די קאָנסערוואטאָריע, ערווערבענדיג זיך די געהעריגע טיטלען, וואס ווערען אַנערקענט פון אלע מוזיקאַלישע אינסטיטוציעס און אויך פון דער רעגיערונג.

אט למשל, ביים לעצטען עקזאמען פון יולי, האט דאס פריילען רעבעקאַ שניטמאַן, ביי דער אנוועזענהייט פון צאהלרייכע געסט און דער עקזאמענירענדער קאָמיסיע פון פראָפעסארען, מיט אלגעמיינער אנערקענונג בעקומען דעם טיטעל „פראָפעסארא דע פיאנאָ, טעאָריאַ אי סאָלפעאָ״. דאס מעדעלע פון עלף יאהר, קאטאלינא קאָבילסקי, האט זיך אויסגעצייכענט אלס „מאעסטרא״ אויף טעאריאַ און סאָלפעאָ, און גלענצענד פערענדיגט דעם 4-טען יאהר לעהרע אויף פיאנאָ.

ווילט איהר געבען אייערע קינדער א געהעריגע מוזיקאלישע ערציהונג? דאן שיקט זיי לערנען, אונטער דער לייטונג פון דירעקטאר און מוזיקער לעאָן הדקל, אין:

# ערוואַרטעט אין די קומענדע נומערן

„קאָרטען“,— אַ שילדערונג פונ'ם קליינשטעדטעלדיגען לעבען, פון מרדכי אלפערסאָן.

„די אלטע קרעטשמע“,— אן ערצעהלונג פון א. זייד.

„פארפאלען“,—א לעבענס בילד, פון משה פינטשעווסקי.



# ספּעציעלער איינבונד

פון די „ביכלאך פאר יעדען“

די יעניגע וואס ווינשען איינצובינדען א קאָלעקציע פון א פיערטעל יאהר (9 נומערן) פון די „ביכלאך“, וועלען קענען צושיקען די נומערן אין דער אדמיניסטראציע מיט'ן בעטרעף פון 1.20 פאר א באנד.

אויפ'ן טאָוועל וועט קומען אָפּגעקליימירט דער שער-בלעטעל, דער נאמען און נומער פון באנד אויפ'ן רוקען, און אַן אינהאלט פערצייכניס ביים אנפאנג.

די "סינעמאטאגראפיקא סוד אמעריקאנא"

שטעלט פאָר דאס בעסטע וואס דער קינעמאטאָגראף פראָדוצירט.

נעקסטענס:

# „די הארץ פון דער מענשהייט"

די מאיעסטעטישע ווערק וואס וועט אייביג געדעהען

— די העכסטע שאפונג פון עללען האָלובער —

אויפגעפיהרט דורך **דאָראטהי פיליפס**

---

## PROXIMAMENTE

# "EL CORAZON DE LA HUMANIDAD"

SUPER PRODUCCION DE ALLEN HOLUBAR




LA MAJESTUOSA OBRA QUE VIVIRA PARA SIEMPRE

Interpretada por

# DOROTHY PHILLIPS

---

**Exclusividad CINEMATOGRAFICA SUD AMERICANA**

1755 - Sarmiento - 1755 — Bs. As. — U. T. 2210, Libertad